# דֶער
# בַּאנְקְרָאט
אָדֶער:
## דִיא גֶעשְׁלָאגֶענֶע צַייט

פערפאסט פאן ר׳ **משה שלייפשטיין**
בדחן אוים ווארשא,

הזבות נמכר לצמיתות לר׳ **פייבל מונק** מחזיק סקלאד
ספרים בווארשא ברחוב פראנציסקאנער נומר 33
וברחוב גרזיבאוו נומר 3

**ווארשא**
שנת תרמ״ד לפ״ק

**Деръ Банкротъ**

Соч. **М. Шлейфштейну**

ВАРШАВА 1884
Въ Типографіи Н. Шрифтгиссеръ
Налевки № 13.

# אִינְהַאלְם



דָא הָאט אִיהר פוּן מִיר דָאס עֶרְשְׁטֶע גֶעשַׁאנְק
גֶעאַרְבֶּעט אָן שׁוּם פֶּעהלֶער
פוּן דִיא לִידֶער דָאס גֶעזַאנְג
קֶענְט אִיר אַייךְ דֶערְוִויסֶען בַּייא מִיר מֹשֶׁה בַּדְחָן שְׁלַייפְשְׁטֵיין
דֶער גֶעלֶער

# פאררעדע

וועלטליכע גוטע ברידער
הערטס וואס איך האב דערקלעהרט
שיינע הערליכע פיער לידער
וועלכעס איהר אים לעבען נישט געהערט
פערפאסט מיט שיינע וויטצען
אונ מיט נאטירליכע ווערטער
וואס זייא קענען אייך ניצען
צו זינגען אויף פערשידענע ערטער
אין ערגעץ נישט גנבת נאר מיין אייגענע סחורה
פון מיין טיפען הערצען מיט א שיינעם זינגען
דערפאר האב איך קיין מורא
ווארום איהר וועט קיין קאנטערבאנד נישט געפינען
געארבייט יעדעם צו דער זאך
אין יעטוועדעם צו זיין שטאטאער
צו פאר ארעם צו פאר רייך
שטעלט עס דארטען ריכטיג פאהר
מיינע ליבע הערען אונ דאמען
גיבט אבאכט אויף דעם ווערק
אונ געזעלשאפט זינגען צו זאמען
נאר אויף קיין געלט זייט נישט קארעג
נאך דיא ביכלעך מעגט איהר לויפען
אך איהר ליבער זינגער
געשווינד זאלט איהר זיא קויפען
איך פארהאף אז איהר וועט לעקען נאך זייא דיא פינגער-

דאס

דאס ערשטע ליד האט איהר דיא באנקראטען פון דר וועלט
וואס איהר וועט דא באלד ריכטיג זעהן
וויא דאס איז אלץ נאטירליך פארגעשטעלט
וואס אין 1884 סטען יאהר איז געשעהען
דאס צווייטע ליד איז דער יודישער בער יער
וואס ער האפט צו זיין אויף דעם פאריגען שטאנד
וואס ער פערברענגט - יין לעבן מיט שמערצן אונ מיט טרויער
דיא היסטאריע וואס איז אונז יעטצט בעקאנט
דער דריטער ליד איז דאס אומגעריכטע אומגליק
וואס עס האט זיך אין דער וועלט געהערט
וויא איינוואהנער האבען געליטען צרות גענוג
אונ דיא הייזער מיט דיא מענטשען האבען זיך איבער געקערט
דער פערדער ליד איז דיא בערוהמטע מטבע
וואס מען טוט דורך איהר דיא גרעסטע רציחות
זינגען דאס ליד וועט איהר אייך הערפרייען
אונ איהר וועט הערען וויא זיא ווארפט זיך אויף מיט איר יחוס
דא האט איהר א נייעס קאמפאזיציאהן
איך פארהאף אז דאס ווערק וועט יעדען געפעלען
אין א קארצע צייט וועט איהר ערשט וויסען וואס איך קאן
אונ מיך אויף יעטוועדען פרוויילונג פר איין קענער פרשטעלען
דיא לידער זענען זעהר גוט צום פארוויילען
ווארום איך גיב זייא ארוים גאנץ ריין
איך בעט נישט צו צוטיילען
נאר יעטוועדערער זאל זיך קויפען אליין
ווייל לידער איז שוין געוואהרען געזינגען
אין שכל אונ אין פראקטיק
פון חוזק מאכען טוען דיא אויערען קלונגען
פערפאסט פונקט וויא א טויבער אויף מוזיק

אסאך

אַ סך מָאהל הָאט מיך פֶערדְרָאסֶען דְרויף ווייער שְׁטַארְק
אויף דיא דיכְטֶערְס מיט זייער פַאלְטְשֶׁען מַיין
וָואס זייא גֶעבֶּען יֶעגֶעמְס וֶוערְק
אונ דֶערְנָאךְ בְּרוּהמֶען זייא זיך אַז עֶר הָאט דָאס פֶערְפַאסְט אַלֵיין
אָט דָא הָאט אִיהר פוּן מִיר דָאס עֶרְשְׁטֶע גֶעשַׁאנְק
גֶעאַרְבֵּייט אָן שׁוּם פֶעהלֶער
פוּן דיא לִידֶער דָאס גֶעזַאנְג
קֶענְט אִיר אַייך דֶערְוִויסֶען בַּייא מִיר מֹשֶׁה כַּהֲנָא שְׁלֵייפְשְׁטֵיין
דֶער גֶעלֶער
זִינגְט דיא לִידֶער מִיט גֶעפִיהל
אוּנ מִיט אַ שֵׁיינֶעם גֶעשְׁמַאק דֶערְצוּ
עֶנְדֶע יֶעדֶעס לִיד הָאט אִיהר בַּאלְד דֶעם צוּ שְׁפִּיל
מִיט אַ הַייבְּגֶעלוֹיבְּטֶע מֶלָאדִי
אִיךְ הָאבּ אַייךְ בְּרִידֶער גֶעוָואלְט דֶערְקְוויקֶען
דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען מַיין אֶמֶתֶ'ר מַיין
אוּנ דיא נָאמֶען אויף לָאזֶען דְרִיקֶען
אִיךְ הָאבּ אָבֶּער גֶעשְׁרָאקֶען אַז אִיהר וֶועט זִיא נִישְׁט פַרְשְׁטֵיין
אִיךְ פֶערְפַאסֶער בִּין מִיר שׁוֹין זִיכֶער
אַז אִיהר וֶועט זִינְגֶען מַיינֶע לִידֶער מִיט גְרוֹיס פֶערְגֶענִיגֶען
וָוארוּם דָאס וֶוערְק אִיז פוּן מִיר משֶׁה שְׁלֵייפְשְׁטֵיין דֶער
לָאקֶע מַאכֶער
אוּנ קִירְצְלִיךְ וֶועט אִיהר נָאךְ פוּן מִיר אַיין בֶּעסֶער וֶוערְק
אַרוֹיס קְרִיגֶען

דער פערפאסער

# שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם!

לִיבֶּע לֶעזֶער אִיךְ בִּין שׁוֹין דָא אִין אַ מַזָלְדִיגֶער שָׁעָה
אִיךְ פַאְרְשְׁטֵייא אַז אִיהר קוּקְט מִיךְ שׁוֹין אוֹיס פוּן לַאנְג
נוּא נוּא דֶערְפַאר וֶועט אִיהר מִיר גֶעבֶּען אַיין דַאנְק

וְאֵלֶּה שְׁמוֹת הַבַּאנְקְרָאטֶען

דָא וֶוערְט פַאר אַייךְ פָאְרְגֶעשְׁטֶעלְט
דִיא בַּאנְקְרָאטֶען פוּן דֶער וֶועלְט
אוּנ דָאס זֶענֶען זַייא רֶבִּי טְרַייטֶעל דֶער בֶּעקֶער
אוּנ רֶבִּי תַּחְנָה הֶעקֶער
אוּנ רֶבִּי גְרוֹנָם זָאק
אוּנ רֶבִּי פֶּרֶץ טִישְׁוָואק
אוּנ רֶבִּי אָשֵׁר אַנְשִׁיל בֶּערֶען טְרַייבֶּער
אוּנ רֶבִּי זֶרַח שְׁרַייבֶּער
רֶבִּי חַייקֶעל בְּלַאזֶען
אוּנ רֶבִּי שֶׁבְנָא חַזָן
אוּנ רֶבִּי בֶּענֶרֶעט בַּארְגֶערִינֶגער
אוּנ רֶבִּי יְשַׁעְיָה חַיִים שְׁטַאטִינֶגער
רֶבִּי אֶלְיָקִים זְאֵב קוּיקֶע
רֶבִּי סֶענְדֶער וואוּטְשֶׁעחָאסְקֶע
רֶבִּי שְׁנֵיאוּר בַּעַל עֲגָלָה
רֶבִּי שַׁאנְדֶעל הַבְדָלָה
רֶבִּי פַּיְיֶע רֶעטֶעךְ טְרָאגֶער
רֶבִּי קַלְמָן קְלָאגֶער
רֶבִּי שְׁטוּיסֶער פִּיהְרֶער
רֶבִּי לֶעזֶעל קַאסִירֶער
רֶבִּי בּוֹעַז אָבְּעווּאטֶעל
רֶבִּי חֲנוֹךְ נַאדְנִיבַּאטֶעל

רבי

* * *

רֶבִּי זְכַרְיָה זַיינְוֶועל פְּלָאטְשֶׁעק
רֶבִּי הַצְקֶעל חַיִּים סְמָאטְשֶׁעק
רֶבִּי בֶּרֶכְיָה גֶעצֶעל לַאטֶערְנִיק
רֶבִּי אַבְנֵר אֶרִישׁ קוּפֶּערְנִיק
רֶבִּי יָאקֶעל מְנַחֵם דֶער פּאָקֶער
רֶבִּי הֶערְשֶׁעל דוֹב שְׁטֵיין הַאקֶער
רֶבִּי אֶלְחָנָן אַבָּא דֶער סֶענְצֶעמִינֶער
רֶבִּי זְבוּלֻן אַייזִיק דֶער גַארְנָוואלִינֶיר
רבּי אֶלִימֶלֶךְ דָן שְׁמֶענְדֶרֶעקוֹיסֶקֶע
רֶבִּי גְדַלְיָה גִימְפֶּעל מִיכַאלָאווסֶקֶע
רֶבִּי גוּטְמַאן חָנָה דֶער פְּרֶעפֶּעסֶער
רֶבִּי אוּרִיאֵל מֵאִיר דֶער אָדֶעסֶער
רֶבִּי חָנָה מִיכַל דֶער פְּרוּמֶער
רֶבִּי אָשֵׁר פַּייוֶעל דֶער קְרוּמֶער
רֶבִּי שִׂמְחָה בִּינֶם פַּאקֶען טְרֶעגֶער
רֶבִּי לֵיבּ שְׁמִיד דֶער זֶעגֶער
רֶבִּי לָאזֶער חַסֶקֶעל מָאנְדֵייטֶער
רֶבִּי גֶרְשׁוֹן בָּרוּךְ טְרָאכְפֵּייבֶער
רֶבִּי עֻזְרִיאֵל פֶּרֶץ פְּלָאקֶען מַאכֶער
רֶבִּי פֶּסַח רוּבֶּען דֶער שַׁאבֶער
רֶבִּי שָׁלוֹם גַבְרִיאֵל דֶער סְפָּאדֶעק מַאכֶער
רֶבִּי מַטוֹת פַּאפַּאזֶע דֶער רַייבֶער
רֶבִּי אַרְיֵה בִּנְיָמִין שִׁינְדֶעל שְׁלֶעגֶער
רֶבִּי הֶערְשֶׁעל מֵאִיר דֶער טְרֶעגֶער
רֶבִּי לֵייבֶּעלֶע מַאנְדְרָאלִין
רֶבִּי גֶעצֶעל פוּן שְׁטַאטִין
רֶבִּי יַעֲקֹב פִּנְחָס דֶער שׁוּל קְלַאפֶּער
רֶבִּי טוֹידְרֶעס מְלִיפֶּען דֶער חַאפֶּער

---

# דָאס לִיד פוּן בַּאנְקְרָאט

1.

אַזוֹיא טַייגֶע לִיבֶּע לַייט
בֶּעמֶערְקְט נָאר דָאס אוֹיף קְלָאהר
וויא עֶס אִיז גֶעוָוארֶען אַיין בִּיטֶערֶע צייט
אִין טוֹיזֶענְט אַכְט הוּנְדֶערְט פִיר אוּנ אַכְטְצִיגְסְטֶען יָאהר
דיא גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז גֶעבֶּעךְ טוֹיט
נָאר רֶבִּי זָארְגְמַאן טוּט הַיינְט עֶגְזֶעסְטִירֶען
ווען אִיז דָאס גֶהֶערְט גֶעוָוארֶן אַז עֶס זָאל זַיין אַזַא בִּיטֶערֶע נויט
אַז יֶעטְוֶועדֶער זָאל דַארְפֶען בַּאנְקְרָאטִירֶען
עֶס אִיז הַיינְט גֶעבֶּעךְ אַ גְרוֹיסֶע קְלָאג
מֶענְטְשֶׁען זֶענֶען הַיינְט דיא הֶערְצֶער בֶּעשְׁוֶוערְט
נייל הוּנְדֶערְט בַּאנְקְרָאטֶען זֶענֶען דָא אַלֶע טָאג
באדוּרךְ לִיגְט דֶער הַאנְדֶעל גֶעבֶּעךְ אִין דֶער עֶרְד

צו שפיל

אַ וֶועלְט אַ וֶועלְט מִיט בְּלוֹיז דַלְפָנִים
עֶס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען דֶער קְרֶעדִיט
וָואס אַ טָאג וַואקְסְט מֶעהר קַבְּצָנִים
אַזוֹיא שְׁרַייט מֶענְטְשֶׁען מִיט מִיר מִיט

2.

מֶען קוּקְט שוֹין נִישְׁט אוֹיף קֵיין יַשְׁרָנוּת
אֵיינֶער בַּייא דֶעם צְווייטֶען אִיז הַיינְט גָאר נִישְׁט גֶשֶׁעצְט
אָרֶעמֶע גְבִים פוּן כְּלָהִם אוּנ גֶעלְט פוּן אַלְמָנוּת

ווערט

ווערט היינט אויך אפּ געזעצט
היינט קען קיינער נישט זיין קיין ערליכער מאן
ווייל עס איז אין דיא מאדע עס איז גאר קיין שאנד
ליגט בייא איינעם אין א פעסטען בדן
צו מארגענס איז ער באנקראט אונ וואוינט אין אויסלאנד
איבער דעם גייען היינט ארום מענטשען אונ זארגען
עס איז געווארען א ביטערע וועלט
איינער דעם אנדערען וויל נישט בארגען
ווייל דאס געלט איז באלד איין געשטעלט

צו שפיל

א וועלט א וועלט א. ז. וו

3.

דאס הערט מען היינט איבעראל זאגען
בייא דיא סוחרים פון גרוים ביז קליין
אז דיא צייט איז זעהר געשלאגען
אונ עס איז גאר נישט צו פארשטיין
דיא סוחרים שרייען מיט קולות אונ מיט געוואלטען
עס איז גאר א שטראף פון גאט
וואדום זייא קענען נישט קיין טערמינען דערהאלטען
זייא זענען געבען גענייט צו ווערען באנקראט
אנדערש קען דער סוחר היינט נישט ווערען געשעצט
אז ער קלערט זיך נישט איבער דעם פּלאן
היינט אז איינער האט נישט זעקס מאהל אפּ געזעצט
קען ער גאר קיין קרעדיט נישט האבען

צו שפיל

א וועלט א וועלט א. ז. וו.

4.

וָואס קְלֶעְט אִיהר עֶס אִיז הַיינְט אִיבֶּעבאל גְרויסֶע צָרוֹת
מֶענְטְשֶׁען טוּעֶן נֶעבֶּעך זַייעֶרֶע כּוחות פֶערְלִיהרֶען
דִיא עֶרשְׁטֶע קְלָאג אִיז בַּאלְד צוּם מְשָׁרֵת
אַז דֶער פְּרִינְצִיפַּאל טוּט נָאר בַּאנְקְרָאטִירֶען
אַז דָאס גֶעשֶׁעפְט טוּט נָאר נִישְׁט טְרָאגֶען
זֶענֶען דִיא סוֹחֲרִים שׁוֹין נִישְׁט גֶערוּלְדִיגְט
טוּעֶן זַייא בַּאלְד דִיא מְשָׁרְתִים דִיא שְׁטֶעל אָפּ זָאגֶען
נוּא פְרֶעג אִיךְ וָואס אִיז דֶער מְשָׁרֵת שׁוּלְדִיג
דִיא מְשָׁרְתִים טוּעֶן הַיינְט אִין דִיא גַאסֶען אַרוּם שְׁוֶועבֶּען
וַוייל דִיא וַוייבֶּער זַייעֶרֶע בַּייסֶען פוּן זַייא דִיא הויט
זַייא שְׁרַייעֶן אַז מֶען זָאל זַייא פַּרְנָסָה גֶעבְּען
עֶר שְׁרַייט פוּן נָאגֶען זָאל אִיךְ גֶעמֶען אַז דִיא גַאנְצֶע
וֶועלְט אִיז בַּאנְקְרָאט

צו שפיל

אַ וֶועלְט אַ וֶועלְט א. ז. וו.

5.

בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת פוּן אַלֶע הַאנְד קְלַאסֶען
וָואס פְלֶעגֶען שְׁטֶענְדִיג פַאבְּרִיקֶען פִיהרֶען
הַיינְט מוּזֶען זַייא פַאר הוּנְגֶער דִיא פִינְגֶער בַּייסֶען
וַוייל עֶס אִיז אִין קוּרְס דָאס בַּאנְקְרָאטִירֶען
דֶער בְּלוּת הָאט הַיינְט זַייעֶר הויך גֶעשְׁטִיגֶען
עֶר טוּט שׁוֹין נֶעבֶּעךְ בִּיז אָן הַאלְז דְרִיקֶען
וָוארוּם קֵיין אַרבֵּייט אִיז נִישְׁט מֶעגְלִיךְ צוּ קְרִיגֶען
דֶער ר׳ דַלוּת הָאט זִיךְ הַיינְט בֶּעזֶעצְט אִין אַלֶע פַאבְּרִיקֶען
מֶענְטְשֶׁען גֵייעֶן הַיינְט אוּים פַאר הוּנְגֶער

עס איז געבעך אוים געגאנגען איין ביטער לעבען
זייא גייען געבעך אן שטיוועל מיט דיא בלויזע פינגער
עס איז זיך גאר נישט געגליך. קיין עצה צו געבען

צו שפיל

א וועלט א וועלט א. ז. וו.

6.

דער גרויסער סוחר וואס ער האנדעלט אויף הארט
איז איהם אויך ביטער זיין לעבען
דורך דעם קלעגערען קרעמער קען ער נישט דערהאלטען
קיין וואָרט
ווייל ער וויל איהם זיין געלט נישט אפ געבען
דערוויל וועלען אין אויסלאנד זיינע קרעדיטען שוואכער
וויאס א טאג
אונ דא ריכען איהם אן דיא וועקסלען פון א גרויסע סומע
ער זעהט אז ער איז באנקראט אונ עס איז א גרויסע קלאג
שרייבט ער איבער זיין פירמע אויף איין אנדערנס נאמע
ער רוימט זיך פריער אויף אונ לאזט איבער ליידיגע וועגט
אונ טראכט זיך לאז זיך יענער זארגען
ער קלערט זיך אז דער בעל דבר וועט דאנקען אז איך
וועל איהם געבען פינף אונ צוואנציג פראצענט
אז נישט זאל ער מיר שוין נאך א מאל נישט בארגען

צו שפיל

א וועלט א וועלט א. ז. וו.

7.

דער ליבוואָרשם לעבען איז אויך פארביטערט

עס ציטערט אויף איהם דיא הויט
ווען ער קויפט א וועקסעל פלאטערט ער און ציטערט
ווארום טאמער ווערט יענער באלד באנקראט
יעטוועדערער איז היינט אפ געפלעפט
ווייל דער שווינדעל שטייט אין פאסאהן
איבער דעם טויג היינט קיין שום געשעפט
ווארום עס איז נישט דא וועמען צו געטרויען
דיא ליבעראזעס טוען וויא דיא וועלף ארום לויפען
עס איז זייא אויך פינצטער זייער וועלט
זייא ד אלטען געוואלט זייערע וועקסלען פארקויפען
פאר א דריטעל געלט

צו שפיל

א וועלט א וועלט א. ז. וו

8.

אבעיאמעליעס פון דער היינטיגער צייט
איז זייא אויך בימער זייער וועלט
זייא האבען א הויף מיט ארע.ע ל ייט
און יעדער איז שולדיג וויפיל דירה געלט
אז ער קומט זייא דירה געלט פאגע
און שרייט וואס ווילט איהר געבעט האבען פון מיר
טאפט ער פאראויס א פאר פעטס .א מגיה
און מען ווייזט איהם וויא עס וואוינט דיא טיר
ער זעהט אז ער האט קיין בעסערען פלאהן
און דא זענען זייא אביונים בעז שטשאט
איזער דרמיט יוצא און פארקלאגט זיי אין מיראווא סוד אביין

נוא

נוא ווִיא אַזויא זָאל מֶען הַיינְט נִישְׁט ווֶערֶען בַּאנְקְרָאט

צו שפיל

אַ ווֶועלְט אַ ווֶועלְט א. ז. וו.

9.

אויף דיא פְּרָאצֶענְטְנִיקֶעס איז הַייְנט אויך אַ קְלָאג
עֶס טוט זַייא אויך אין דִיא קֶעפּ גַאנְץ גוּט נָאהלֶען
זַייא לויפֶען צו דִיא בַּעל חובות צֶעהן מָאהל אין טָאג
און קיינֶער וויל זַייא נִישְׁט בֶּעצָאהלֶען
עֶס איז זַייא זַייעֶר פַארְבִּיטֶערְט זַייעֶר לֶעבֶּען
און אויף זַייא הָאט קיינֶער נִישְׁט קיין רַחְמָנות
נִישְׁט גֶענוּג מֶען וויל זַייא זַייעֶר גֶעלְט נִישְׁט אָפּ גֶעבֶּען
מַאכְט נָאךְ יֶענֶער פוּן זַייא לְצָנות
און אַז עֶר גֵייט זִיךְ מִיט יֶענֶעם פְּרָאצֶעסִירֶען
און הָאט שׁוין אַ סַאךְ קָאסְטֶען אַרֵיין גֶעטְרִיבֶּען
מֶעג עֶר גֶערְקִיפֶּען אויף פוּטֶער דִיא פַאפִּירֶען
ווייל יֶענֶער הָאט אויף זַיין ווייב אַ אַקְט דֶערְצֵיְיִטֶע פַּרְשְׁרִיבֶּן

צו שפיל

אַ ווֶועלְט אַ ווֶועלְט א. ז. וו.

10.

ווִיפִיל מָאהל פֶערְלויפֶען זִיךְ אַזֶעלְכֶע שְׁווינְדֶעל זַאכֶען
וואָס יֶענֶער הָאט דָאס גָאר נִישְׁט אין זִין
עֶס אִיז הַיינְט פַרְהַאנְדֶן אַזֶעלְכֶע וואָס טוּעֶן יֶענֶעם קָארְפִּים נָאךְ מַאכֶען
וואָס דֶער אֵייגֶענְטְהוּמֶער ווייסְט גָאר נִישְׁט דֶערְפוּן

אז

אַז דיא מֶערמִינֶגען פון דיא וֶועקְסֶלען טוּגען אָן ריקען
הַייבְּט גְעבֶּעךְ יֶענֶער אָן צוּ קְרֶעכְצֶען אוּנ צוּ זִיפְצֶען
אַז מֶען בְּרֶענְגְט אִיהם אַז עֶר זָאל צָאלֶען טוּט עֶר יֶענֶעם אָנְקוּקֶען
אוּנ שְׁרַייט וָואס אִיז דָאס עֶס אִיז נִישְׁט מַיינֶע אוּנְטֶערשְׁרִיפְטֶען
וְויא דֶער פַּאלְמִייֶער זשוּראֶנְט זֶעהט אַז עֶס וַוארְט אוּיף
אִיהם אַ תְּפִיסָה אַ גְרֵייטֶע
דֶערוַוייל טוּט גְעבֶּעךְ יֶענֶער דָאס לֶעבֶּען פַארְלִירֶען
הַייבְּט עֶר אוּיף דִיא פָּאלֶעס אוּנ מַאכְט גָאר פְּלֵיטָה
נוּא וְויא אַזוֹיא זָאל מֶען הַיינְט נִישְׁט בַּאנְקְרָאטִירֶען

צוּ שְׁפִּיל

אַ וֶועלְט אַ וֶועלְט א. ז. וו.

11.

דֶער וָואס קֶען שְׁווינְדֶלען הָאט הַיינְט אַ וֶוערְט
וַוייל דֶער שְׁווינְדֶעל טוּט הַיינְט אוּף דֶער וֶועלְט רֶאמַאנְסִירֶען
אָבֶּער דֶער עֶרְלִיכֶער הֶענֶדְלֶער לִיגְט הַיינְט אִין דֶער עֶרְד
וַוייל דָאס אִיז גָאר נִישְׁט אוּיס צוּפִירֶען
עֶס אִיז הַיינְט אַזֶעלְכֶע בֶּענְקְשֶׁעלֶעךְ פַארְהַאנֶדֶען אוּיף דֶער וֶועלְט
וָואס זַייא לֶעבֶּען זִיךְ פוּן אַזוֹיגֶע גֶעשֶׁעפְטֶעלִיךְ מִיט גְרוֹיס
פֶּערְגֶעניגֶען
עֶר פְּרֶעמְט אוּנ זוֹיפְט פַאר יֶענֶעמְס גֶעלְט
וָואס עֶר הָאט גְעבֶּעךְ יֶענֶעם אַבַּיין גֶעקְרִיגֶען
אַז דֶער מַלְוֶה קוּמְט צַריין צוּ גֵיין אוּנ שְׁרַייט גַזְלָן בֶּעצָאהל
מַיין סוּמֶע
אִיז עֶר גָאר נִישְׁט צוּ אִיהם גֶעדוּלְדִיג
אַז עֶר פַארְקְלָאגְט אִיהם הָאט עֶר עֶרְשְׁט אַ סוֹף וְויא הָמָן

ווארום

װארום ער שטעלט איהם פאלטשע עדות אז ער איז איהם גאר נישט שולדיג

צו שפיל

א װעלט א װעלט א. ז. װ.

12.

עס איז פארהאנדען אזעלכע װאס גייען אין דרייען געפוינגען
װאס װערען באכט זיך אז דאס איז גאר איין פרומע בריאה
אין שול פאטשט ער מיט די הענד און גלאצט מיט די אויגען
פאר איין רובעל װאלט ער געלאזט א יוד ברענגען אויף די תליה
ער שפילט גאר די ראליע פאר איין פרומען
און טוט די גרעסטע עבירה שטילערהייט
אז ער װאלט געקענט װאלט ער פון יענעם די נשמה ארויס גענומען
און יענעם אינטער צו מאטערען איז ביי איהם גאר א קלייניגקייט.
אט אזעלכע לייט האבען היינט אויף דער װעלט א װערט.
אבער דער אמת ערליכער מאן טוט געבען דאס לעבען פאר לידען
און דורך די פאלטשע מענטשען איז געװארן די צייט געשטערט
און דורך זייא מוז היינט יעדער באנקראטירען

צו שפיל

א װעלט א װעלט א. ז. װ.

13.

אֶנְשׁר האט איהר גֶקענְט דעם גרויסען גְבִיר
וָואס ער פְלֶעגְט צו האנדְלֶען מִיט דעם אוּנ מִיט יֶענֶעם
וָואס בייא איהם פְלֶעגֶען שְׁטֵיין לָאקֵייעס בייא דִיא טִיהר
אוּנ עס האט נִישְׁט גֶערוּהט וִויא אִין א גַן עֵדֶן
ער האט שׁוין אַזוֹיא שְׁטַארק דִיא רָאלֶיע גֶעפִיהרְט
אוּנ האט זִיךְ שׁוין גֶעשֶׁעמְט וִויא מֶען רוּפְט איהם מִיט
דעם נָאמֶען זְשִׁידְזְשֶׁע.
פְּלוּצְלִינְג האט מֶען גֶעהֶערְט אַז ער האט באנְקְרָאטִירְט
אוּנ דֶר קָאמְפַּאנְיָאן אִיז איהם שׁוין גֶקוּמֶען צְדְרוּיִדְזְשִׁיע
זיינֶע פַאבְּרִיקֶען זֶענֶען גֶעוָוארֶען וַוייךְ
אוּנ אַזוֹיא פִיהרְט זִיךְ הַיינְט אִיבֶּערַאל כְּבוֹדֵר
זיין גֶעשְׁטַאלְט אִיז גֶעוָוארֶען טוֹיט אוּנ בְּלִייךְ
ער האט גֶזֶעהן אַז דֶער קָאמְפַּאנְיָאן לִיצֶעטִירְט אִיהם
שׁוין דעם וַוייבְּס קְלֵיידֶער.

צו שפיל

אַ וֶועלְט אַ וֶועלְט א. ז. וו.

14.

זֶעהטְס נָאר וָואס פאר רְצִיחוֹת טוּט כֶען דוּרְךְ דעם גֶעלְט
מֶענְ ער זיין אַ גֶעבְּרֶעכְטֶער אבּי ער האט נָאר מְזוּמָנִים
פְּלוּצְלִינְג פִיהרְט ער נָאר אַ רָאלֶיע אוֹיף דֶער וֶועלְט
אוּנ שְׁטֶעקְט שׁוין אוּמֶעדוּם אַריין דעם עַזוּת פָּנִים
א גְרָאבֶּער יוּנְג אַ פּוּסְטֶער עַם הָאָרֶץ
אִיז זִיךְ נָאר גֶעוָוארֶען אַיין קוּפְּיֶעץ
ער לֶעבְּט זִיךְ הַיינְט וִויא אַ פְּרִיץ
ער אִיז אָבֶּער יֶעדֶע מִינוּט גְרֵייט צוּם אָפּ זֶעץ

איהם טוּז מֶען שׁוין רוּפֶען פּאן אוּנ זיא וְויֶעלֶיע מִאזְשֶׁנֶע פּאנִיע
אי׳נ וואוינְט זיךְ שׁוין מיט טייֶער מֶעבֶּעל אִין דיא גְרֶעסְטֶע קאמֶענְעקאצִיֶע
נייֶנֶע פְרויא שְׁפִּיהלְט שׁוין פְּארְטֶעפִּיאנֶע
פְּלוּצְלִינְג פאלְט אַריין צוּ אִיהם דֶער קָאמָארְנִיק אוּנ
מאכְט אִיהם א׳וף אַנֶעם לִיצְעטאצִיֶע

צו שפיל

א וֶועלְט א וֶועלְט א. ז. וו.

15.

וֶעהטֶם נָאר דָארְטֶען דֶעם גְרָאבֶּען יוּנְג
אָן גֶעלְט אָן חָכְמָה אָן תּוֹרָה
עֶר הָאט שׁוין גֶעקְרִיגֶען אַיין גֶעשְׁלִיפֶּענֶע צוּנְג
אוּנ זָאגְט זיךְ שׁוין אויךְ אַ וֶוערְטֶעל תּוֹרָה
אַז עֶר קְרִיגְט נָאר אַריין דיא מְנָה יָפָה
וֵוייסְט עֶר שׁוין וויא זיךְ צוּ פִיהרֶען
אוּנ קְרִיגְט שׁוין בּייא יֶעדֶען הַקָּפָה
פְּלִיצְלוּנְג בּאקְט אִיהם אַיין צוּ בַּאנְקְרָאטִירֶען
אִין דֶעם הַאפְּט עֶר דִיא פִּים אויף דִיא פְּלֵייצְעם
אוּנ לויפְט זיךְ אַוֶועק פוּן וַוארְשׁויא גֶעשְׁווינְד
אַז עֶר הָאט נָאר דָאס בִּיסֶעלֶע מָעוֹת גִיט מֶען אִיהם שׁוין עֵצוֹת
אוּנ אַזויא בְּרִידֶערְלֶעךְ פִּיהרְט זיךְ דיא וֶועלְט אַצִינְד

צו שפיל

א וֶועלְט א וֶועלְט א. ז. וו.

16.

אֶפְשַׁר הָאט אִיהר דֶעם בַּעַל הַלְוָואָה גֶעקֶענְט

וָואס עֶר פְלֶעגְט גֵיין אָנְגֶעטָאן אִין בִינָאקְלֶעש
וָואס עֶר הָאט יֶעדֶערֶען גֶעגֶעבֶּען גֶעלְט אוֹיף פְּרָאצֶענְט
אוּנ פְלֶעגְט מִיט הַאלְבּ וַוארְשׁויא צוּ שָׁאקְלֶען
הַיינְט זָאל מֶען צוּ זֶעהְן דָאס פֶערְגֶענִיגֶען
וִויא אַ מֶענְטְשׁ קֶען זִיךְ אוֹיס אַרְבֶּעטֶען מִיט אֵלֶע מַעֲלוֹת
דוּרְךְ דֶער גַאֲוָה הָאט עֶר שׁוֹין דִיא דָאר גֶעקְרִיגֶען
אוּנ אִין דֶערְהֵיים שְׁווִיטְשֶׁעט דֶער דַלוּת
עֶר הָאט שׁוֹין בַּאלְד שִׁיֶער פַארְגֶעסֶען אֶן גָאט
אוּנ פְּרָאצֶעסִירְט זִיךְ מִיט מֶענְטְשֶׁען אוֹיף צוּ לְהַכְעִים
אוּנ הָאט נֶעבֶּעךְ פוּן יֶעדֶערֶען גֶערִיסֶען דִיא הוֹיט
אוּנ הַיינְט גֵייט עֶר אַרוּם אוּנ הָאט בֶּעקוּמֶען קַדְרוּת

צו שפיל

אַ וֶועלְט אַ חֶעלְט מִיט בְּלוֹיס בִלְפָנִים
עֶס אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען דֶער קְרֶעדִיט
וָואס אַ טָאג וַואקְסְט מֶעהְר קַבְּצָנִים
שְׁרַייטְץ מֶענְטְשֶׁען מִיט מִיר מִיט

ע נ ד ע



# איין אנטוואָרט פון באַנקראָט

1.

איך האָב שטאָלצירט ביי דיא גוטע צייט
ווען איך האָב געהאַט ביי זאַכען מיין געלט
פון גליק צו אומגליק איז גאָר נישט ווייט
איך האָב מיר דאָס גאָר נישט פאָרגעשטעלט
איך האָב אַלע מאָהל געהאַנדעלט אויף טערמין
און מיר אויסגעטריקענט מיין כוח
אין דער שלעכטער צייט וואָס האָב איך מיר געקענט אַ עצה טאָן
איך האָב אַיין געזעהן אַז איך וועל בלייבען אָן כח
האָב איך שוין אָנגעהויבען אין געשעפט גוט צו קלערען
און האָב מיך פאַרלאָזט אויף גאָט
איך האָב פערשטאַנען אַז דער פּראָצענט עסט אויף דעם קרן
ביז איך געוועזען געניט צו ווערען באַנקראָט

2.

איך האָב געזעהן אַז עס הערען אויף אַלע גליקען
איך האָב קיין סחורה און קיין קאַפּיטאַל
און דאָ שטייען ליידיג אַלע פאַבריקען
און עס ווערט געבען צרות איבעראַל
איז מיר געוואָרען מיין לעבען פאַרמעהרט
און פון מיינע אויגען האָבען זיך אָנגעהויבען טרערען צו גיסען
און מיין קרעדיט האָט וואָס אַ מאָל אויפגעהערט

און דא האב איך געציטערט אז די בעלי חובות
זאלען זיך ניט דערוויסען
און די וועקסלען האבען מיך נאטשארעט וואס א טאג
האב איך מיך פארלאזט אויף גאט
איך האב געזעהן אז צום האנדעל איז א גרויסע קלאג
נוא זאנטס בין איך ניט גגייט געווען צו ווערין באנקראט

3.

איך האב זיך דרויף גאר נישט גערעכט
איך בין עוויג געשטאנען אין פאסאהן
אז עס האט א מאל א יענער באנקראטירט האב איך פון איהם
געלאכט
היינט האב איך געמוזט דאס אייגענע נאך טאן
איך האב שוין אויף מיין הארץ נישט געהאט קיין רוה
א פינצטער וואלקען האט זיך מיר פאר מיינע אויגען
געשטעלט
ווארום די שלעכטע צייט האט מיך געברענגט דערצו
עס האט מיר מיינע ביינער דערשלאגען מיט היץ און
מיט קעלט
ווען איך האב מיך אן דעם דערמאנט
האט געבעך אויף מיר געציטערט די הויט
איך האב פרשטאנען אז איך וועל קומען צו דר גרעסטער שאנד
בין איך געווען געגייט צו ווערען באנקראט

4.

איך האב מיין לעבען אלע מאהל געשטרעקט
מיין ווארט צו דערהאלטען צו דער מינוט
ביי איינעם געבארגט און דעם צווייטען געדעקט

צוליב

צוּלִיבּ דִיא מֶערְדֶערְס דִיא לִיכְוַואַרְזָשֶׁעס זַייא זָאלֶען
נִישְׁט פַארְגִיסֶען מַיין בְּלוּט
וִויא מִיט פַּיילֶען אִיז מִיר גֶעוָוארֶען מַיין הַארְץ דֶערְשְׁטָאכֶען
צַייט אִיךְ הָאבּ דִיא לִיכְוַוארְזָשֶׁעס דִיא רוֹצְחִים דֶרְקֶענְט
מַיין גַאנְצֶער מַאיָאנְטֶעק אִיז גֶעבֶּעךְ אִין זַייא אַרַיין גֶעקְרָאכֶען
זַייא הָאבֶּען מִיר צוּ גֶענוּמֶען דָאס קֶרֶן מִיט פְּרָאצֶענְט
עֶס אִיז מִיר שׁוֹין גֶעוֶועען וֵוינְד אוּנ וֵויא
זַייא הָאבֶּען - מִיךְ גֶעוָואלְט אַרוֹיס בְּרֶענְגֶען אִיךְ זָאל
בְּלַייבֶּען אַיין אֶבְיוֹן בָּעז שְׁטְשָׁאט
דֶר פְּרָאצֶענְט הָאט שׁוֹין בַּאלְד בֶּעגְרָאפֶּען פוּן 1 רוּבֶּל צְווייא
נוּא בִּין אִיךְ נִישְׁט גֶעוֶוען גֶעגַייט צוּ וֶוערֶען בַּאנְקְרָאט

5.

צוּ בַּאנְקְרָאטִירֶען אִיז מִיר גֶעוֶוען זֶעהר מִיאוּס
אִיךְ הָאבּ אַלֶע מָאהל גֶעשְׁרָאקֶען דֶערְפַאר
וִויא נַייט מֶעגְלֶעךְ הָאבּ אִיךְ מִיךְ גֶעהַאלְטֶען אוֹיף דִיא פִּיס
אוּנ הָאבּ מִיךְ נִישְׁט גֶעוָואלְט מַאכֶען צוּ נַאר
אִיךְ הָאבּ גֶזֶעהְן אַז אִיךְ וֶועל נִישְׁט אוֹיספִּיהְרֶען
אוּנ דֶר טוֹיט הָאט זִיךְ מִיר אַלֶע טָאג פַר מַיינֶע אוֹיגֶען
פָארְגֶעשְׁטֶעלְט
אִיךְ הָאבּ פַארְשְׁטַאנֶען אַז אִיךְ וֶועל חָלִילָה דָאס לֶעבֶּען
פַארְלִירֶען
אוּנ אַוֶועק גֵיין יוּנְגֶערְהֵייט פוּן דֶער וֶועלְט
אִיךְ הָאבּ שׁוֹין נִישְׁט גֶעהַאט וָואס אַיין צוּ שְׁפָּארֶען
הָאבּ אִיךְ מִיךְ פַארְלָאזְט אוֹיף גָאט
עֶס אִיז מִיר גֶעוֶוען אַ שָׁאד מַיינֶע יוּנְגֶע יָאהְרֶען
דוּרְךְ דֶעם בִּין אִיךְ גֶעוֶוען גֶעגַייט צוּ וֶוערֶען בַּאנְקְרָאט
אִיךְ

6.

אִיךְ הָאבּ מִיר גֶעמַאכְט דָאס הַארְץ אַזויא וִויא אַ שְׁטֵיין
אוּנ מַיין גֶעשְׁטַאלְט זָאל אוים זֶעהְן בְּלֵייךְ
אִיךְ הָאבּ מִיר פָֿארְגֶענוּמֶען עֶס זָאל מִיךְ נִישְׁט אַהְרֶען יֶענֶעכְּס גֶעוויין
חָאטְשׁ מֶען וֶועט אויף מִיר שְׁרַייֶען דוּא אָפּ זֶעצֶער דוּא רוֹצֵחַ

אִיךְ הָאבּ נָאר גֶעמוּזְט מַאכֶען פַאלְטְשֶׁע בְּלִיקֶען
אוּנ יֶענֶער הָאט גֶעמוּזְט זַיין גֶעדוּלְדִיג
וָוארוּם דִיא שְׁלֶעכְטֶע צֵייט הָאט מִיךְ גֶעטָאהן דֶערְדְרִיקֶען
בִּין אִיךְ יֶענֶעם אָנְגֶעשְׁטַאנֶען אַז אִיךְ בִּין נָאר נִישְׁט שוּלְדִיג
אִיךְ הָאבּ נָאר גֶעשְׁרִיגֶען אַז אִיךְ בִּין בְּרִילֶע דַאל
אוּנ הָאבּ מִיךְ פַארְלָאזְט אויף גָאט
וַוייל עֶס אִיז מִיר אִיבֶּער גֶעגַאנְגֶען מַיין גַאל
בִּין אִיךְ גֶעוֶוען גֶענֵייט צוּ וֶוערֶען בַּאנְקְרָאט

ענדע

## צוּ שְׁפִּיל פוּן בַּאנְקְרָאט

1.

אִיבֶּער דֶעם מֶענְטְשֶׁען קוּקְט אַייךְ אוּם
אוּנ דִיא אַלֶע נַארִישְׁקֵייטֶען וַוארְפְּט אַוֶועק
וֶועט עֶמִיץ וַוייטֶער הָאבֶּען טְרוּיֶען גְלוּיבֶּען אוּמֶעטוּם
אוּנ עֶמִיץ וֶועט פַארְשְׁפָּארֶען צוּ לֶעבֶּען מִיט שְׁרֶעק

וואָרוּם

נָוארוּם דוּרְךְ דֶעם גְרוֹיסאַרְטִיגֶען פִּיהרוּנְג
אוּנ דוּרְךְ דִיא פֶּערְשַׁארְטֶע גֶענְג
אִיז גֶעוָוארֶען אַ בַּאנְקְרָאטִירוּנְג
אָט פוּן בַּאנֶען שְׁטַאמְט דִיא קְרֶענְק
אִיבֶּער דֶעם לִיבֶּע בְּרִידֶער
הֶעלְפְטְס אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען אַרוֹיס פוּן דֶער נוֹיט
אוּנ נִישְׁט צוּ זַיין דֶערְוִידֶער
יֶענֶעם אַוֶועק צוּ נֶעמֶען דָאס שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט

2.

נָאר לִיבֶּע מֶענְטְשֶׁען זַייט אוֹיף גֶעקְלֶערְט
אוּנ הָאט רַחְמָנוּת אוֹיף אַייעֶר גֶעזִינְדֶעל
לָאז שׁוֹין דָאס נִישְׁט מֶעהר וֶוערֶען גֶעהֶערְט
אוּנ נַוארְפְטְס אַוֶועק דָאס גַאנְצֶע שְׁווִינְדֶעל
לָאז אַייךְ נָאר נִישְׁט זַיין לֵיידֶער
וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ דָא פָארְגֶעשְׁטֶעלְט
דוּרְךְ דִיא אוֹיפְצוּגֶען מִיט דִיא נַייא מָאדִישֶׁע קְלֵיידֶער
לֵייגְטְס נִישְׁט אַבַּיין דָאס גַאנְצֶע גֶעלְט
אִיבֶּער דֶעם לִיבֶּע בְּרִידֶער
הֶעלְפְטְס אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען אַרוֹיס פוּן דֶער נוֹיט
אוּנ נִישְׁט צוּ זַיין דֶערְוִידֶער
יֶענֶעם אַוֶועק צוּ נֶעמֶען דָאס שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט

3.

מֶענְטְשֶׁען זַייטְץ נִישְׁט פֶערְנַארְט
אוּנ פֶערְלִידֶּרְטְס נִישְׁט קֵיין מוּטְה
אוּנ קִירְצְלִיךְ וֶועט זִיךְ פֶערְבֶּעסֶערֶען דִיא צַייט

אונ עס וועט ווייטער זיין דער קרעדיט
עטין זאלט נאר לעבען מיט ישרנות
נישט צו פארברענגען דיא טעג מיט הבל הבלים
איינער אויף דעם צווייטען קאטס רחמנות
וועט ווייטער זיין אויף דיא וועלט שלום
איבער דעם ליבע ברידער
העלפטס איינער דעם אנדרין ארויס פון דער נויט
אונ נישט צו זיין דערווידער
יענעם אוועק צו נעמען דאס שטיקעל ברויט

4.

אזויא ליבע מענטשען מיינע
זעהטס איינער דעם אנדערן קיין שלעכטס נישט צו טיען
לאזט ווידער דיא זון אויף שיינע
וועט איהר ווייטער וויא דיא רויזען בליהען
לאזט נישט צו קיין שאנדע אונ קיין שפאטען
ווארום דאדורך זיהט איהר קיין פראפיט
אזויא ארום וועט שוין אויפהערען דיא באנקראטען
אונ גיטין אבגאבט וואס איהר טוט
איבער דעם ליבע ברידער
העלפטס איינער דעם אנדערען ארויס פון דער נויט
אונ נישט צו זיין דערווידער
יענעם אוועק צו נעמען דאס שטיקעל ברויט

5.

דיא צייט מאכט אונז שוין דעם סימן
לאזטס ענק ברידער נישט צו קיין ליד
ווארום אין קארצען וועט משיח קומען

דָאס וועט זַיין אוּנזֶערֶע בֶּעסְטֶע פְּרַייד
דֶעמאָלְט וועט שוֹין נִישְׁט זַיין קַיין מְיוּחָסִים
אוּנ מִיר אַלֶע וועלֶען זַיין גְלַייך
תַּלְמִידִים שַׁדְכָנִים אוּנ שַׁמָשִׁים
וועלֶען אַלֶע וֶוערֶען רַייך
דֶעמאָלְט וועט אֵיינֶער דֶעם צְווייטֶען נִישְׁט בְּרוֹיכֶען צוּ דְרִיקֶען
אוּנ עֶס וֶועט זַיין שִׂמְחָה וְשָׂשׂוֹן, עֶס וועט נִישְׁט לַאנְג גֶדויֶערֶען
קַיין קָאטָארְגִיקֶעס וועט מֶען שׁוֹין נִישְׁט שִׁיקֶען
אוּנ קֵיינֶער וועט נִישְׁט בְּרוֹיכֶען צוּ בַּאנְקְרָאטִירֶען

# ענדע

---

## דָאס יוּדִישֶׁע בֶּערוּיעֶרוּנְג

---

1.

מִיר שְׁטֵייעֶן פָאר דִיר גָאט מִיט גְרוֹיס שְׁמֶערְצֶען
אוּנ מִיט יָאמֶער אוּנ מִיט גֶעוויין
דָאס גָלוּת מֶענְסְט דוּא אוּנְז שׁוֹין קֶערְצֶען
זֶענֶען מִיר גֶעקוּמֶען צוּ דִיר מִיט אַיין פְּרָאשֶׁעניֶע צוּ גֵיין
מְגָרֵייבּ מִיט אוּנְז שׁוֹין מֶעהר קֵיין קָאטָאוועס
מִיר זֶענֶען שׁוֹין גֶעצְט אָן גֶעבְּרַייט דִיךְ עֶרְלֶעךְ צוּ דִינֶען
גֶעדֶענְקֶען דִיךְ שׁוֹין אָן אוּנְזֶערֶע זְכוּת אָבוֹת
אוּנ אָן אוּנְזֶער עֶלְטֶער זֵיידֶע אַבְרָהָם אָבִינוּ
לָאז שׁוֹין אוּנְזֶער פְּרָאשֶׁעניֶע צוּ דִיר גָאט אָן קוּמֶען
עֶס הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶענוּג מִיט דַיינֶע קִינְדֶער פָּאסִירְט
מִיר גֶעדֶענְקֶען ווֶען דוּא הָאסְט אוּנְז פוּן מִצְרַיִם אַרוֹיס גֶענוּמֶען

און אונזער הײליגער משה רבינו האט אונז איבער
דעם ים אריבער געפירט

צו שפיל

איבער דעם שרײען מיר צו דיר מיט א געשרײא
און אונזער געבעט הער שוין אויס
עס איז אונז געבליבן ווינד און ווײא
לאמיר שוין זעהן צוריק פארטיג אונזער טײער הויז

2.

דיא גסים וואס דוא האסט אונז געטאן בעווײזען
און מיר האבען זיך גאר נישט דרויף גיקענט
פערציג יאהר אין דער מדבר האסט דוא אונז געטאן שפײזען
מיר האבען זיך דאס פארדינט וואס דוא האסט אונז
פארלענט

אין מזרח. אין מערב, אין דרום, אין צפון
בלאנזשען זיך ברײגע קינדער הײנט ארום
מיט אלע שטראף האט מען אונז שוין געטאהן שטראפען
און יעדערע אומה קוקט אונז געבען אן קרום
מיר זענען געבליבן הײנט נע ונד
און אונזערע צרות זענען אן א שיעור
מיר טארען שוין נישט פירען דעם פארינגען שטאט
מיר וואלען גיען זיך ארום אויף אין פרעמדע קוואטיר

צו שפיל

איבער דעם שרײען מיר א. ז. וו.

3.

ווען אונזער הײליגער משה רבינו וואלט יעצט גטאן לעבן

וואלטען מיר צו דעם אלעמען נישט געקומען
ער וואלט זיך שוין איין עצה געגעבען
אונ' אונז וואלט ער פון ביטערען גלות ארויס גענומען
אבער היינט האט גאט אויף אונז געשיקט א שטראף
וואס איז מיט אונז יעצט געוואָרען
מיר גייען ארום כצאן בלא רועה וויא בלינדע שאף
הימלישער פאטער האלט שוין איין ביין צארען
מיט טרערען מיט טרערען טוען מיר היינט פאר גיסען
ווארום אין גלות צו זיין-האבען מיר נישט בעדארפט זען
ווייל ביינע קינדער האבען זיך געטאן בייא דיר פרמיאוסטען
באדורך האסט דו געבעך אויף זייא איין אום חן געווארפען

צו שפיל

איבער דעם שרייען מיר א. ז. וו.

4.

וויא איז אהין געקומען אונזער וואהנונג דאס טייערע ארט
אונ דיא היילינגע סנהדרין דיא גאנצע קאמפאניע
וויא זענען אונזערע קרוינען וואס זייא האבען געהאנגען דארט
וואס איז געוואָרען פון אונזער גאנצע הארעוואניע
היינט האבען מיר געבעך אויף אונזערע הערצער קיין רוה
וואס אונז איז געבעך צו געקומען
בית המקדש, בית המקדש, וואס שווייגסט דוא
אונ מיט וואס קענען מיר זיך היינט בערוהמען
עס איז נישט דא קיין מזבח קיין קרבנות
אונ קיין כהן גדול וואס זאל אונז פארטרעטען
איבער דעם ליבער גאט בעוויז שוין ביין ישרנות
ווארום מיט דיא פראשעגע טוען מיר דיך בעטען

איבער

צו שפיל

איבער דעם שרייען מיר א, ז, וו,

5.

ירושלים, ירושלים, דאס היליגע לאנד
וואס קענסט דוא היינט טוען
ווען וועט שוין צוריק זיין דיין בעשטאנד
אז דיא שכינה צווישען דיא כרובים זאל ווייטער רוהען
וויא זענען דיא נביאים מיט זייערע היילינע געזאנגען
וויא איז דר שולחן מיט דעם האנדפאס מיט די מנורה
דאס איז נעבעך אונז אלס אונטער געגאנגען
איבער דעם געבען מיר יעצט אפ א פראשעניע צום הייליגען בורא
ליבער גאט טוא אונז שוין דעם קנים אויף בינדען
אונ שטעל שוין אונז אויף אונזער טייער וואהנונג
עס איז שוין צייט אז דוא זאלסט אונז היילען אונזערע ווינדען
מיר האבען שוין גנוג געהאט ביז אהער אונזער בעלונונג

צו שפיל

איבער דעם שרייען מיר א. ז. וו.

6.

אויף דיר ירושלים טרויערען מיר שוין גענוג
וואס שלאפסט דוא. צו לאנג מיין ליב קינד
נעם אונז באלד אין גיך צו דיר צוריק
מיר וועלען זיך שוין בעסער אויף פירען פון אצינד
עס איז שוין 1816 יאהר וויא מיר זענען פארלענט
מיר טוען טאג אונ נאכט מיט טרעהרען ניסען

צייט מיר האבען געבעך דאס גלות דערקענט
טוט מען נאר אויף אינז שלעכטס שמיסען
איבער דעם שטעל שוין אצינד אויף אונזער יחוס פאתן
אונ דיא כהנים מיט זייערע שיינע אבגאריען
וועלען מיר שוין פון אצונד קיין שלעכטס נישט טאהן
נוארום מיר האבען ביז אהער גענוג גיטאן בעדויערען

צו שפיל

איבער דעם שרייען מיר א. ז. וו.

7.

מיר פארטריבענע קינדער פון דיא שטאט ציון
מיר זענען נעבעך אוים געגאנגען צו שאנד אונ צו שפאט
מיר ווייסען זיך היינט גאר נישט קיין עצה צו טוען
דורך דעם קומען מיר מיט א פראשעניע צו דיר גאט
וויא איז אונזערער היליגער פאלעץ מיט אידרע כלים
וואס זייא זענען אין היכל געוועזן צו בעוואהרען
היינט געוועלטיגען דארטן דיא טערקען מיט דיא ישמעאלים
אונ אין זייערע הענד אריין איז עס נעבעך אן געקומען
עס איז נאך דארטען געבליבען שטיין א פאר סימנים
אונ פון בית המקדש דיא טייערע ווענד
וויא זעהט מען שוין היינט צוריק אונזער לחם הפנים
אונז זאלן מיר שוין נישט אויסקוקן בייא זיי ווי פרעמד

צו שפיל

איבער דעם שרייען מיר א. ז. וו.

8.

וויא ביסט דוא טייער כלי קודש אהין געקומען

וָאס דוא הָאסְט גֶעלויבְּטֶען וִויא דֶער מָארְגֶענְשְׁטֶערְנֶע
דִיא זָענִען אוּנְזֶערֶע סְטְרֶעמֶענְטֶען מִיט זֵייעֶר טֵייעֶרֶע שְׁטִימֶע
וָאס מֶען הָאט זֵייא אוֹיף הוּנְדֶערְטֶער מֵיילֶן גֶעהֶערְט
וִויא דִיא כּוֹתֶל מַעֲרָבִי וָאס דִי שְׁכִינָה הָאט אוֹיף אִיהר גֶערִיהט
וָואס מִיר פְּלֶעגֶען זִיךְ צוּ אִיהר קוּמֶען בִּיקֶען
פוּן טְרוֹיעֶרֶען פוּן טְרוֹיעֶרֶען זֶענֶען מִיר שׁוֹין מִיד
עֶס אִיז שׁוֹין צַייט אַז דוּ זָאלְסְט אוּנְז דֶעם גוֹאֵל צֶדֶק שִׁיקֶן
עֶפֶען שׁוֹין אוּנְז דִיא שַׁעֲרֵי רַחֲמִים גֶעשְׁווינְדֶער
אוּנ בֶּעווַייז אוּנְז דֶעם טַייעֶרֶען בַּארְג הַר הַמוֹרִיָה
הָאבּ שׁוֹין רַחֲמָנוּת אוֹיף דַיינֶע לִיבֶּע קִינְדֶער
לָאזֶען זֵייא נַייטֶער וִויא דִיא רוֹיזֶען בְּלִיהֶען

צוּ שְׁפִּיל

אִיבֶּער דֶעם שְׁרַייֶען מִיר א. ז. ח

9.

דָאס הֵיילִיגֶע בֵּית הַמִקְדָשׁ שְׁטֶעל שׁוֹין אוּנְז צוּרִיק אוֹיף
לָאזֶען מִיר שׁוֹין נִישְׁט זַיין גֶענַארְט
לָאז שׁוֹין פוּן גָלוּת אַמָאל וֶוערֶען אַ סוֹף
וָוארוּם מִיר הָאבֶּען שׁוֹין דֶרוֹיף אַ לַאנְגֶע צַייט
שְׁטֵייא אוֹיף מֹשֶׁה רַבֵּינוּ אוּנ הֶעלְף אוּנְז בֶּעטֶען
אוּנ גֶעם מִיט דִיא תּוֹרָה דִיא פְּרִינְצֶעסֶען
צוּ דֶעם טַאטֶען פוּן הִימֶעל זָאלְט אִיהר פָארְטְרֶעטֶען
עֶר זָאל חָלִילָה אָן אוּנְז נִישְׁט פַארְגֶעסֶען
תּוֹרָה, תּוֹרָה, גֵייא אוֹיךְ בֶּעטֶען פַאר דַיינֶע לִיבֶּע קִינְדֶער
דוּא וֵוייסְט דָאךְ גוּט אוּנְזֶערֶע פַאלָאזְשֶׁענִיע
בֶּעווייז שׁוֹין אוּנְז דַיינֶע וְוינְדֶער
דָאס בֶּעטֶען מִיר דִיךְ אוֹיךְ מִיט דִיא אֵיינֶענֶע פְּרַאשֶׁענִיש

אִיבֶּער

צו שפיל

איבער דעם שרייען מיר צו דיר מיט א געשרייא
און אונזער געבעט הער שוין אוים
עס איז אונז געבעקן ווינד און וויייא
לאמער שוין זעהן צוריק פארטיג אונזער מייער הו

---

## צו שפיל צו דאם יודישע בעדויערונג

1.

אך גאט זעטץ אונז שוין צוריק ואויף דיא קרוינען
און בעוויין דיינע ווינדער
קיין ירושלים שיק צוריק וואהנען
דיינע ליבע קינדער
שיק דעם מלאך וואס ער האט געהאלפען יהושיען
דעם וועג צו בעגליקען
זאל ער זיך היינט אויך בעמיהען
באלד אין גיך זאלסט דוא איהם שיקען
מאך אונז ווידער צוריק בעקאנט
דיין נאמען מיט דעם גרעסטען כבוד
מיר זאלען שוין צוריק זיין אין אונזער אייגען לאנד
מיט וועמען אברהם יצחק יעקב משה אהרן דוד

2.

ליבער גאט טוא מיט אונז נסים ונפלאות
מאך שוין אונזער כוזר שיינע

מיר

מיר בעטען זיך יודען בייא דיר דאס
אונ פארגעם שוין אונזער טענה
שטעל צוריק אויף אונזערע מויערען
אונ דעם כהן גדול מיט זיינע שיינע קאסטיומען
מיר זאלען שוין מעהר נישט טרויערען
אונ דרויף גיב אונז הסכמה
האפען האבען מיר צו דיר אלע מאהל
אז מיר וועלען דארטען האבען דעם שענסטען אונ גרעסטען כבוד
אונ מיר וועלען זיך פרייען אין ארץ ישראל
מיט וועמענע מיט אברהם יצחק יעקב משה אהרן דוד

3.

טוא שוין אונזער טרויעריקייט אויף שמחה פארקעהרען
ליבער גאט האב שוין אויף אונז רחמנות
וויא דיא פיש אין וואסער זאלען מיר זיך מעהרען
אונ מיר זאלען ווייטער מקריב זיין קרבנות
אונ דעם שטן זאלסט דוא פערטריבען
נאר גוטע מלאכים שטעל אונז אויף
ער זאל נישט קענען אויף אונז קיין שלעכטס זאגען
לאז שוין אמאל נעמען דאס גלות א סוף
אין ירושלים וועלען מיר זייא אלע בענאנד
מיט דעם שענסטען אונ גרעסטען כבוד
מיר וועלען צוריק זיין אין אונזער אייגען לאנד
מיט וועמען מיט אברהם יצחק יעקב משה אהרן דוד

4.

מיר מיען אין דיר גאט גליבען

דיין ליב פאָלק ישׂראל
אונזער מזל זאָלסט דוא אונז שוין דערהייבען
נאָך דאס איינע מאהל
דוא זאָלסט שוין אונז צו ליב טוען
אז דיינע קינדער זאָלען קוועלען
אונ דיא שכינה זאָל שוין ווייטער רוען
אין דעם בית המקדש וואס דוא וועסט אונז אויף שטעלן
דיא לויים וועלען ווייטער זינגען
מיט דעם שענסטען אונ גרעסטען כבוד
אונ מיר וועלען דאָרטען טאנצען שפּרינגען
מיט זעמען מיט אברהם יצחק יעקב משה אהרן דוד

5.

שטעל שוין אויף דאס טייערע געצעלט
אונ טוא דיך געשווינד בעמיהען
וואָרום איין נאס ביזט דוא אויף דער גאנצער וועלט
אונ קיין אנדערער קען נאר נישט טיען
בעוויז שוין דיין גבורה
אונ דיא אומות העולם זאָלען צוקוקען
לאז שוין זיין פארטיג אונזער טייערע דירה
מיר ווילען זיך שוין קומען צו דיר בוקען
יודען וועלען זעהן דיינע וואונדער
מיט דעם שענסטען אונ גרעסטען כבוד
אונ שיק אונז שוין משיחן געשווינדער
מיט אברהם יצחק יעקב משה אהרן דוד

ענדע

# דיא בערוהמטע מטבע

1.

מטבע מטבע וואס נעמסט דוא דיך איבער
וואס איז מיט דיר אזויא דער מעהר
דוא מאכסט מענטשען דיא הערצער טריבער
אונ פאר וואס קומט דיר אזא האנער
ווער ביזט דוא דוא פיינער יונג
צו וואס האסט דוא אויף דער וועלט אזא ווערט
אז גאר אן דיר זאל בעשטיין אלדינג
דורך דיר צרבעט איינער וויא איין איזעל אונ דער
צווייטער וויא איין פערד
דוא ביסט דאך פון קופער געארבעט אן א נשמה
צו וואס ביסט דוא אין גאנצען געווארען געבוירען
איינעם מאכסט דוא רייך אונ ער קריגט א שיינעם נאמען
אונ דער צווייטער ווערט געבליבען יונגערהייד פערלוירען

צו שפיל

סאלמזשע איין ביין עקשנות
דאס בעט איך דיך אן א צאהל
האב חאטש אויף מיר רחמנות
אונ זייא ביא מיר אלע מאהל

2.

אך דוא מטבע ווער קען דיך נישט מיט ביין שווינדעל
הלואי וואלט מען דיך געקענט אין גאנצען פאר שפארען

דוא

דוא הָאבְּסט נִישְׁט קֵיין בְּחֲמָנוּת אוּיף קֵיין אָרֶעם גֶעזִינְדֶעל
אוּנ דוּא לִיבְּסְט נָאר צוּ זַיין אִין כַּאנֶקֶען אִין קַאנְטָארֶע
וָואס אִיז דָארְטֶען אַיין שֶׁענֶער אָרְט
וָואס דוּא הַאלְסְט דִיךְ צְווִיא פֶּעסְט אִין
נוּא עֶנְטְפֶער מִיר שׁוֹין דְרוּיף אַיין וָוארְט
פַר וָואס זָאל אִיךְ מִיר נִישְׁט קֶענֶען אִין דִיר קֵיין עֵצָה טָאן
בַּייא דִיא גְרֶעסְטֶע לַייט טוּט מֶען זִיךְ מִיט דִיר פְרַייעֶן
סֶעסְיֶעס וֶוערְט אָן דִיר נִישְׁט גֶעפִירְט
דוּרְךְ דֶעם גִילְט אוּמֶעטוּם דַיין דֵעָה
וַוייל דִיא קְרוֹינְס אָדְלֶער אִיז אוּיף דִיר אוֹיס גֶעצִיעֶרְט

צו שפיל

הַאלְמְזשֶׁע אַיין דַיין עַקְשָׁנוּת א. ז וו.

4.

וְויפִיל מָאהל וֶוערֶען מֶענְטְשֶׁען דוּרְךְ דִיא מַטְבֵּעַ צוּ גֶערִיקְט
וָואס דוּא וִוילְסְט דִיךְ נִישְׁט צוּ זַייא בֶּעוַוייזֶען
אוּנ דוּרְךְ דִיר וֶוערְט גַאנְצֶע טֶעג גֶעשָׁאלְטֶען אוּנ גֶעקְרִיגְט
נִישְׁט אַנְדֶערְשׁ בַּיין הַארְץ מוּז זַיין פוּן אַייזֶען
אַז אַיינֶער וִויל דִיךְ אַמָאל אִיבֶּער קְלִינְגֶען
אָבֶּער אַז דַיין וִוילֶען אִיז נִישְׁט דָא דֶערְבַּייא
מַאכְסְט דוּא מִיט אִיהם אַ שְׁפֶּעקְלַאצְיֶע אוּנ אִין קְרִימֶעניאל
אַרַיין טוּסְט דוּא אִיהם אַרַיין קְרִיגֶען
אוּנ עֶס הֶעלְפְט אִיהם שׁוֹין נִישְׁט זַיין גֶעשְׁרַייא
אוּנ דוּא טוּסְט נָאךְ אוֹיס אִיהם חוֹזֶק מַאכֶען
אַךְ דוּא מֶערְדֶער דוּא שְׁלֶעכְטֶער קְרִיגֶער
וִוא שְׁטֶייסְט פוּן דֶערְוַוייטֶען אוּנ דוּא טוּסְט אִיהם אוֹיסלַאכֶען
נָאךְ אַמָאל זָאלְסְט דוּא נִישְׁט זַיין קֵיין קְלִינְגֶער

צו שפיל

באלמזשע אין דיין עקשנות א. ז. וו.

4.

צו דער יוד צו דער קריסט
באלט דיך שטענדיג אין זיין מונד
צו דיר גיטבע האט יעדער לוסט
אפילו דאס קלענסטע קינד
אז ער קריגט נאר עטוואס שכל
ווארפט ער שוין אויף דיר
אונ גיט שוין צו דיר א שמייכעל
הלואי זאלסט דוא שטענדיג זיין ביא מיר
אונ קלעהרט ספאסאבעס וויא אזוי ער זאך דיך צו קריגן
ווארום דוא מטבע ביסט ביא קינעם נישט פר מיאוס
ווער עס האט דיך ברויך קיין גרעסער פערגעניגען
דורך דיר צנטלויפט מען קיין ווין אונ קייז פאריז

צו שפיל

באלמזשע אין דיין עקשנות א. ז. וו.

5.

קיין קלוגער קיין העלד קען זיך אן דיר נישט בעגיין
דוא הערקוויקסט דעם שוואכען אין זיין נויט
דורך דיר איז דיא גרעסטע בלבולים אונ געוויין
דיא מטבע לייזט אפ פיהל מאהל מענטשען פון טויט
קיין שום זאך ווערט אן דיר נישט געפיהרט
אפילו דעם חבם מאכסט דוא אויך צו נאר
דורך דיר ווערט אלע קונצלעריא שטודירט

מֶער, עס בֶּעקוּמְט דיךְ דֶער איז שוין א מאר
דורךְ דֶעם טוֹסְט דוּא מַטְבֵּעַ אויף דֶער וֶועלְט שְׁטָאלְצִירֶען
עס ווייסְט קיינֶער נִישְׁט צוּ בֶּעמֶערְקֶען ביין וֶוערְט
אויךְ קֶענְסְט דוּא גֶעבֶּען אֵיינֶעם פַאר פִּירֶען
טִיף אריין אין דֶער עֶרְד

צוּ שפיל

מַאלְטְוְשֶׁע אֵין בּיין עֲקְשָׁנוּת א. ז. וו.

6.

פון באנקְרָאטֶען בִּיסְט דוּא דֶער גאנְצֶער שולד
דוּא פִירְסְט דָאס רֶעדֶעל גַאנְץ גוּט
ווייל ביין הֲנָאָה אוּמֶעטוּם גִילְט
אָבֶער נִישְׁט זוּמֶעטוּם הַאלְסְט דוּא מִיט
אז דוּא קוּמְסְט אָן צוּ אֵיינֶעם צוּ שְׁוֶועבֶּען
צוּ אַזוֹיא אֵיין עוֹשֶׁר וָואס עֶר איז קַארְגְ
אִיהם גְרוּסְט זִיךְ דיךְ נִישְׁט אַוֶועק צוּ גֶעבֶּען
וויא אַיִינֶען מַאכְסְט דוּא אִיהם זַיין הַארְץ שְׁטַארְק
אוּנ יֶענֶעם וֶוערְט נֶעבֶּעךְ גֶעמִינֶערְט זַיין לֶעבֶּען
אַךְ דוּא שְׁלֶעכְטֶע מַטְבֵּעַ דוּא מֶערְדֶערִישֶׁער בְּרוּדֶער
דוּא ווילְסְט דיךְ גָאר נִישְׁט אוּנְטֶער גֶעבֶּען
אוּנ דוּא שוֹידֶערְסְט אִיהם גֶעבֶּעךְ זַיינֶע גְלִידֶער

צוּ שפיל

מַאלְטְוְשֶׁע אֵין בּיין עֲקְשָׁנוּת א. ז. וו.

7.

באנֶעךְ אוּנ טֶעלֶעגְרַאפֶען טֶעלֶיפָאנֶען אוּנ מַאשִׁינֶען
דָאס הָאט מֶען אַלְס צוּ לִיבּ דִיר עֶרְקְלֶערְט
וויא

זייא זעגען דיינע קנעכט אונ מוזען דיך דינען
פארשטייא נאר גוט דיין ווערט
קיין אזיע אונ קיין אמעריקא ווערט דורך דיר געפאהרען
אויף ימים אונ מדבריות ווערט דורך דיר דאס לעבען
איין געשטעלט

דיא גאנצע זיבציג אדער אכציג יאהרען
וואס דר מענטש ארבעט אונ האריוועט אויף דר וועלט
דוא ביסט דאך נאר קופער געברענט אין פייער
דוא מטבע דוא פינצטערע מאגנעט
פאר דאס זאלסט דוא זיין אזויא טייער
צו דוא ביסט דען א"א שיינער פאטרעט

צו שפיל
האלטמושע איין ביין עקשנות א. ז. וו.

8.

צו אלע זאכען ביסט דוא דיך מטריח
ביין פינאדר איז אלע מאהל פלאטגע
ווער עס האט נאר דיא מטבע ביי זיך
דער איז שוין צו אלעם זכאטנע
גנבות אונ גזלות ווערט נאר דורך דיר
ווייל דוא טוסט דערצו צווינגען
דורך דיא מטבע ווערען מענטשען פאר שיקט קיין סיביר
אונ קייטען טוען זייא נאך קלינגען
דורך דיר טוט מען פאר איין קנעכט דינען
וואהרום דוא ביזט דאך אומעטום דער העכסטער
אונ דורך דיר קען מען חן געפינען
אונ פאר דיר קויפט מען זיך דיא שענסטע הייזער
האלטושע

צו שפיל

הַאלְטְוְשָׁע אַיין דַיין־עָקְשָׁנוּת א. ז. וו.

9.

איך וָואלְט גֶערֶען גֶעוְויסְט וֶוער עָס הָאט דִיך דֶערְקְלֶעהְרְט
דוא זָאלְסְט אַזוֹיא קֶענֶען מֶענְטְשֶׁען דִיא קָעפּ פֵּרְדְרֵייֶען
אָפְט כַּאל הָאט דָאס לֶעבְּען בַּייא דִיא מֶענְטְשֶׁען קֵיין וֶוערְט
דוּרְך דִיר מֶערְדֶערִישֶׁע מַמְזֵרַע
אִיבֶּער דִיר וֶוערְט אַיין גֶעשֶׁטֶעלְט דָאס לֶעבֶּען
אוּנ דוּרְך דִיר טוּען דִיא אוֹיגֶען אוּים רִינֶען
צוּלִיב דִיר טוּט מֶען אָן לוֹיפְט בַּאלָאנְגֶען שְׁוֶועבְּען
אוּנ צוּלִיב דִיר קֶען מֶען זִיך עוֹלָם הַבָּא דֶערְדִינְגֶען
דוּרְך דִיר קוּמְט מֶען צוּ דֶער גְרֶעסְטֶער בּוּשָׁה
אוּנ וָואס פַאר גֶעשֶׁעפְטֶען דוּא קֶענְסְט אַלְס אָן מַאכֶען
אַסַאך מָאהל הַרְגֶת מֶען זִיך אִיבֶּער אַ יְרוּשָׁה
אַיין בְּרוּדֶער דֶעם אַנְדֶערְן וְויל אוֹיך דוּרְך דִיר שְׁטֶעכֶען

צו שפיל

הַאלְטְוְשָׁע אַיין דַיין־עָקְשָׁנוּת א. ז. וו.

10.

דוּרְך דִיר וֶוערֶען מֶענְטְשֶׁען דִיא שֶׁענְסְטֶע יַחְסָנִים
אוּנ בַּייא דִי גְרֶעסְטֶע לַייט אִיז מֶען דוּרְך דִיר בְּעקַאנְט
דוּרְך דִיר אִיז מֶען זִיך מְשַׁדֵךְ מִיט דִיא גְרֶעסְטֶע רַבָּנִים
וֶוער עָס הָאט נָאר דִיךְ בַּייא זִיך אִין דֶער הַאנְט
אֲפִילוּ בַּייא שְׁדוּכִים בִּיזְט דוּא אוֹיך אוֹיבֶּען אָן
דוּא בְּרֶענְגְסְט צוּנוֹיף זִיווּגִים פוּן גַאנְץ וַוייט
אָן דִיר הֶייבְּט זִיך נָאר נִישְׁט אָן צוּ טָאן

וויפיל מאהל ווערט מען דורך דיר אפ גענארט
אפילו צו א ברית מילה ביזט דוא אויך דער גאנצער בעל בית
אז דוא ביזט נאר דא קען מען הוליען און א שיער
דורך דיר איז מען מכבד אזעלכע מענטשען מיט סנדקאות
ווייל יענער איז דורך דיר געווארען א גביר

צו שפיל

האלמזשע איין ביין עקשנות
דאס בעט איך דיך און א צאהל
האבזשע חאטש אויף מיר רחמנות
אונ זייא ביי מיר אלע מאהל

## אנטוואָרט אויף דיא מטבע

1.

אויף דיא וועלט האסט דוא איין ווערט
ווייל דוא טוסט דעם מענטש גוטס
אבער אז מען לייגט אריין אין דער ערד
קומסט דוא שוין גאר נישט צו נוטץ
איבער דעם וואס פרייסט דוא דיך מיט דיין געזי[ה]על
אונ וואס טוסט דוא דיך אזויא רוהמען
דארט ווייסט מען נישט פון קיין שווינדעל
אונ קיין לאפקע וועט דארט נישט גענומען
וואס רוהמסט דוא דיך דוא מטבע
ווייל דוא היטסט אפ פאר הונגער אונ פאר קעלט

דאָרט גילט שוין נישט דיין דעה
דאָרטען איז אַיין אַמתע וועלט

2.

וואס ביסט דוא פאר אֵיין בעל מיוחס
רעד דיר נאר נישט איין
דאָרט טוט מען קיין רציחות
אונ דאָרטען טאָרסט דוא גאר נישט זיין
וואס טויג מיר דיין קאמפּליטענט
דוא ביסט דאך נאר לפי שעה
דאָרטען גענעמט מען קיין פּראצענט
אונ קיין קנאה שנאה איז אויך נישט דא
וואס פארצייילסט דוא דיינע חדושים
וואס פאר א וואוילער יונג דוא ביסט
דאָרטען בארף מען קיין ניא מאָדישע מלבושים
דאָרטען זעהסט דוא אוים וויא איין געריסט

3.

וואס רוהמסט דוא דיך מיט דיין גבורה
אז מען טוט זיך דורך דיר קריגען
דאָרט איז איין אייביגע דירה
אונ מען מוז שוין רוהיג ליגען
דאָרט קען קיינער נישט באנקראטירען
לעבען זיך אלע וויא דיא גראפען
זייא פּרוּבען נישט קיין האנדלען צו פיהרען
איבער דעם האסט דוא איבער זייא נישט צו שאפען
ווער ביסט דוא דען דאס
דוא גאנצער רעדעל פיהרער

דאָרט בּיסט דוא קיין בּעל בּית
דאָרטען דאַרף מען נישט קיין קאַסירער

4.

מען פיהרט דאָרטען קיין פּראָצעסען
אונ קיין באַנען אונ קיין טעליפאָנען
זייא האָבּען שוין דאָרט זייערע אינטערעסען
מיט זייערע שיינע סאַלאָנען
דאָרט בּרויך מען נאָך דיר נישט שיקען
אונ דאָרטען איז מען שוין נישט מורה שחורה
זייא דאַרפען דיך שוין נישט אָן צו קוקען
וואָרום דאָרטען האַנדעלט מען נישט מיט קיין סחורה
זייא וועגען דאָרטען אַלע פרומען
וואָרום דאָרטען בּרויך מען נישט דיא מטבּע
יעצט האָבּען מיר אַז משיח זאָל קומען
וועלען מיר זיך אלע צו זאַמען פרייען

5.

לאָמיך שוין אויף הערען פון דיר צו קלערען
איך וועל דיך שוין מעהר נישט שעגדען
אַז מיר וועלען דערהויבּען ווערען
וועלען מיר זיך קענען ווענדען
ליבּער נאָט זייא דיך שוין מטריח
אונ בּעוויז אונז שוין אונזער גדולה
עס זאָלט שוין צייט געוועזען צו הערען שופר של משיח
אונ שטעל שוין אונז אויף דאָס מיזבּח שילה
דאָס וועט זיין דער בּעסטער פּלאַן

וואָרום

וָוארום מֶען לֶעבְּט אָפּ דיא וֶועלְט וִויא אִין חָלוֹם
אַז דוּא וֶועסְט קוּמֶען צוּ מִיר אִין קֶעשֶׁענֶע אַריין
וֶועל אִיךְ מִיט דִיר מַאכֶען שָׁלוֹם

# ענדע

## דָאס אוּמְגֶעךֶעכְטֶע בֶּעגֶעגְנִיט

1.

אֵיין פֶערְבָּארְגֶענֶע שְׁטִימֶע
הָאט מִיךְ אִין טְרוֹים אִיבֶּער גֶענוּמֶע
אוּנ אֵיין מוּבאלִישֶׁע סְצֶענֶע הָאט זִיךְ מִיר פָּרְגֶעשְׁטֶעלְט
מִיר דַאכְט זִיךְ אַז אִיךְ הָאבּ גֶעטָאהן שְׁוֶועבֶּען
וִויא מֶען הָאט מִיר פְלִיגֶעל גֶעגֶעבֶּען
אוּנ אִיךְ פְלִיה אַרוּם אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט
פְּלִיצְלוּנְג בְּלַייבּ אִיךְ שְׁטֵיין
אִיךְ הֶערְהֶער אַ יָאמֶער אוּנ אַ גֶעוויין
שְׁנֶעל לֵייג אִיךְ דָאס אוֹיעֶר אוֹיף אַלֶע זַייטֶען
אַזוִיא הֶער אִיךְ אַ גֶערִידֶער
דִיא שְׁטִימֶע פוּן מַיינֶע בְּרִידֶער
אִיךְ קְלֶעהר וָואס קֶען דָאס בֶּעטַייטֶען

קאמפליעט

אוֹי וַויא אוֹי וַויא
אוּמֶעטוּם דָאס זֶעלְבֶּע גֶעשְׁרַייא

איך בין דרויף גאר נישט בערוהט
מען לאזט מיך נישט לעבען
איך קען מיר קיין עצה נישט געבען
ווארום אין יעטוועדען אינהאלט איז באלד דר יוד

2.

אין דיא ווייטע קאנטען
וויא עס איז ביליג בערליאנטען
איז געשעהען איין נאטעס צארען
עס איז געווארען געהערט
א פייער איז ארוים פון דער ערד
פיל שטעט אונ מענטשען זענען פארברענט געווארען
אונ אויף דעם גרויסען בעהר
וואס שיפען לויפען אהין אונ אהער
וואס קיין מענטשליך פארשטאנד קען ניט וויסען
האט דאס וואסער געמאכט א געריידער
דערטרינקען בהמות חיות אונ ווידער
אונ מדינהם אונ פיל לענדער אפ געריסען

קאמפליעט

אוי ווייא אוי ווייא א. ז. וו.

3.

איך קום פון מיין זין
איך ווייס נישט וויא איך בין
אלע פעלקער האבען אויף מיר איין בונד געשלאסען
זייער גיפטיגען צארען

וואס

וָואס איז סיינט מיט זֵייא גֶעוָוארֶען
הָאבֶּען זֵייא גֶעבֶּעך אויף מִיר יוּד אויסגֶעגָאזֶען
פוּן כְער וֶועלְטֶען אַלֶע עֶקֶען
טוּט מֶען מִיךְ הַיינְט אִיבֶּער שְׁרֶעקֶען
מַיין גֶעוִויכְט וֶוערְט מִיר וִויא אַייז קָאלְט
אויף דֶעם הָאגֶער פַארְלוִירֶען
צוּ וָואס בִּין אִיךְ גֶעבּוֹירֶען
וַעֶס איז שׁוֹין נִישְׁט דָאס וֶועלְבִּיגֶע גֶעשְׁטַאלְט

קאמפליעט

אוי וַויא אוי וַויא א. ז. ח.

4.

אִין פְרַייסֶען אִין עֶסְטְרַייךְ
גֵייט שׁוֹין דָאס יוּדֶעלֶע אויף בְּלַייךְ
זַיין פְרַייהַייט הָאט שׁוֹין כָארְטֶען אוֹיךְ אוֹיף גֶעהֶערְט
זַיין גֶעשְׁטַאלְט פַאר רִיסְט
אִין גַאנְצֶען פַאר מִיאוּסְט
זַיין קָאפּ פַארְטִיפְט אִין דֶער עֶרְד
וִויא זָאל עֶר לוֹיפֶען אָדֶער פְלִיהֶען
אז מֶען לָאזְט אִין עֶרְגֶעץ נִישְׁט רִיהֶען
חָאטְשׁ גִיבּ זֵייא מִילְיָאנֶען גֶעלְט אַוֶועק
זֵייא וִוילֶען פוּן דִיר נִיט וִויסֶען
אוּנ קֵיין בְּרִידֶערְשַׁאפְט נִיט שְׁלִיסֶען
אוּנ שְׁפַּייֶען אויף דִיר קְלֶעק

קאמפליעט

אוי וַויא אוי וַויא א. ז. ח.

5.

אוי פון דעם קלערען
האב איך שוין פאלדען אויף דעם שטערען
אז איך הער דאס וויא שלעכט עס איז מיינע ברידער
מען הערט נאר זאגען אומעטום
אז אלע ווענען זענען פאר זייא קרום
אונ יעטוועדערער איז זייא געבעך רערווידער
זייא זענען צו שפרייט
באדורך נעמט זייא קיין פרייט
ווייל יעדער טוט מיט זייא שטודירען
נאט ביסט גערעכט
ווייל מיר פירען זיך שלעכט
וויא לאנג קען נאך דאס אזויא עקזעסטירען

כאמפליעט

אוי חייא אוי ווייא א. ז. וו.

6.

וואס איז דאס
פאר אלאדע וואס
טויג שוין נישט דער יוד
דער יוד איז געבעך א מחותן
אז ער האט אבער נישט מיט קיין געלט צו שיטען
איז אידם אויף אלע ארט נישט גוט
ער גייט זיך דאך זיין וועג
אונ ער ציילט שוין דיא טעג
אז עס זאל שוין אמאל נעמען איין עק

ש

עָר זָאל אוּמְעָטוּם מוֹיגֶען

נִישְׁט הָאבֶּען קֵיין בְּלֶענְד פַאר דִיא אוֹיגֶען

אַז זַיינֶע פָאר יָאהר זָאלֶען נִישְׁט אַוֶועק גֵיין אִין שְׁרֶעק

קאמפּליעט

אוֹי וַויא אוֹי וֶוייא א. ז. וו.

7.

יֶעטְן עֶרעֶבֶער אִיז מִיר דֶערְווידֶער

אוּנ עֶרְצִיטֶערְט מִיר מַיינֶע גְלִידֶער

פַאר וָואס זָאל אִיךְ אַזוֹיא פִיל לַיידֶען

אִיךְ גֵייא אַרוּם וִויא פַארְשֶׁענְד

אוּנ בַּייא יֶעדֶען אַזוֹיא וַויא פַאר בְּלֶענְד

צוּ טוֹא אִיךְ דֶען וֶועמֶען עֶפֶּעס שָׁאדֶען

פַאר וָואס וַוארְפְט מֶען אוֹיף מִיר אֵיין אוּם חֵן

צוּ קֶען אִיךְ דֶען נִישְׁט אַלְץ פַארְשְׁטֵיין

צוּ הָאבּ אִיךְ דֶען נִישְׁט גָאטֶעס פָארֶעם וִויא אִיהר

נָאר וָואס דֶען הָאט אִיהר אוֹיף מִיר אֵיין פַארְדְרָאס

אוּנ פַארְוָואס טְרַייבְּט עֶר מִיךְ אַרוֹיס

בֶּעסֶער זַייט שָׁלוֹם מִיט מִיר

קאמפּליעט

אוֹי וֶוייא אוֹי וֶוייא

אִיךְ עֶנְדִיג שׁוֹין מַיין גֶעשְׁרֵייא

אוּנ ווִיל שׁוֹין וֶוערֶען אַ בִּיסֶעלֶע בֶּערוּהִיט

אַז מֶען וֶועט מִיךְ לָאזֶען לֶעבֶּען

וֶועל אִיךְ מִיר קֶענֶען אֵיין עֵצָה גֶעבֶּען

דָאס וֶועט זַיין דֶער אִינְהַאלְט בַּייא מִיר יוּד

ע נ ד ע

